# ביי די מוראַשקעס צו גאַסט.

איבערגעזעצט

פון

ה. רויבעל.





פריילאַך איז אין וואלד: היינט איז לַג-בָעוֹמֶר און חֶבְרֶה חֵדֶר-יינגלאַך האבן זיך אַרויסגעלאָזט אויפן ספּאַציר.

אָנגעלאָדן מיט אלדאָס-גוטס, מיט די פּעקלאַך אויף די פּלייצעס, מיט די פיילנבויגנס און ראָדביקסלאַך אין די הענט מאַרשירן זיי לעבעדיק, פריילאַך און זינגען לידער.

דער עלטסטער איבער זיי איז שלֹמֹהלע-קאָזאַק. ער האָט זיין קאָמאַנדע אויסגעמשטירט ווי סאָלדאַטן, אויסגעשטעלט און גלייכע שערענגעס, יעדערן געגעבן א שטעקן אין האנט-אריין — און אזוי באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס גייען זיי מִלְחָמָה האַלטן מיטן שוֹנֶא — מיט מיכל לאָניקס חֶבְרֶה, וואָס דאַרף אָנקומען פון יענער זייט וואלד. מיט אַמאָל זענען אַלע שטיל געוואָרן, פון צווישן די ביימער האָט זיך דערהערט עפּעס גערויש... יאָ, דאָס זענען זיי! דאָס קומט אָן מיכל לאָניק מיט זיין קאָמאַנדע. און אָט וועט זיך אָנהייבן די מִלְחָמָה.

שלֹמֹהלע האָט זיין חַיִל נאָך אַמאָל אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ שוּרָה און האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: „קינדער, א נו, לאָמיר זיי באַווייזן!“ — און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אֶמֶתע מִלְחָמָה. חֶבְרֶה האָט זיך טלאָז

גענומען אויפן „שונא“ און האָבן באַלד געגומען די ערשטע פעסטונג — אַ גאַנץ געווינלעכע נעסט פֿון מוראַשקעס.

— קינדער, אָט איז נאָך איינע! ... און אָט איז נאָך איינע!... וואָס שטייט איר, ווי די ליימענע גולמים, לאָמיר זיי ווייזן!" — האָט שלמהלע געשריגן און די גאַנצע כאַלאַסטרע האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט די שטעקנס גלייך אויף די בערגעלאַך און באַלד איז פֿון זיי אַפֿילו קיין זכר נישט געבליבן.

חבֿרה האָט גאָר פֿאַרגעסן אין זייער שונא — אין מיכל לאַניקס קאָמאַנדע, — ביידע מחנות האָבן זיך צונויפגעמישט און האָבן געאַרבעט צוזאַמען.

די שפּיל איז זיי זייער געפֿעלן, און יעדער איינציקער „פעסטונג“ האָבן זיי אַרייַנגעשטעקט אַ שטעקן מיט אַ פּאַטשיילקע, אַ סימן, אַז די „פעסטונג“ איז איינגענומען און דער „שונא“ איז פֿון דאָרט פֿאַריאָגט געוואָרן. און וואָס דאָרטן, אונטן אין מוראַשניק, האָט זיך געטאָן, דאָס האָט זיי אַפֿילו ניט אָנגעהויבן צו אַרן.

די אומגליקלעכע מוראַשקעס זענען ווי צעדולטע אַרומגעלאָפֿן און האָבן געבאָך נישט געוווּסט, וווּ אַהינצוטון זיך. איינע זענען גאַנצע מחנותווייז געלאָפֿן אַראָפּ־באַרג, אין גראָבן אַרייַן, אַנדערע זענען איינציקווייז געלאָפֿן וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן. זיי האָבן זיך באַהאַלטן. ווער אונטער אַ בלעטל, ווער אונטער אַ דאַר צווייגל, די דריטע ווידער האָבן געכאַפּט די פּעקלאַך אויף די פּלייצעס — די אייעלאַך — און גענומען מיט זיי פֿלינק אַרויפֿקלעטערן אויף די ביימער, וואָס זענען דאָ דאַנעבן געשטאַנען. אָבער חבֿרה איז אויף אַזויפֿיל געווען פֿאַרטאָן אין זייער אַרבעט, אַז זיי האָבן עס אַפֿילו

נישט אָ..עהויבן צו באַמערקן, ס׳איז ווי געווען פריילאַך. זיי האָבן אפילו נישט געזעהן צוקומען דעם אַלטן טראָכיכען, דעם וואַלד-סוטער, וואָס איז גראָד פאַר. ביינעמאנגען און האָט געוואָלט אַיינשטילן די צעלאָזטע באַליאַסטרע.

— עך, יונגאַטשעס, יונגאַטשעס! גיט נאָר אַ קוק, וואָס איר האָט מיר דאָ אָנגעמאַכט! נו, זאָגט אַליין, וואָס האָט איר געהאַט צו די מוראַשקעס? פאַרוואָס האָט איר דאָס חָרוב געמאַכט זייערע נעסטעלאַך, וואו וועלן זיי זיך נעבאַך אַצינד אַהינטאָן? זעהט נאָר, ווי זיי לויפן דאָס נעבאַך אַרום, ווי זיי מוטשען זיך נעבאַך...

— אַ מִצְוָה אויף זיי! זיי זענען דאָס ווערט... זיי בייסן זיך... אַ מִצְוָה אויף זיי, זאָלן זיי זיך ניט בייסן, — האָט זיך שלמהלע-קאָזאַק אָנגערופן.

— זיי בייסן זיך? אַ סאָר. כ׳לעבן, אַ שאָד! כ׳וואָלט אַ בעַלן געווען צו זעהן, צי דו, טייטעק איינער, וואָלסט בעסער געווען. אָט, לְמָשָׁל, ווען איך זאָל דיך אַ נעם טאָן בי די טשופרינעס, אַזוי, ס׳זאָל ווי טון-יו, יונגאַטש איינער, צי וואָלסטו זיך געביסן!״...

— או, נאָן ווי זיך געביסן! האָט מיכל לאָניק אונטער. געכאַפּט און חֶבְרֶה האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. שלמהלע האָט זיך פאַרשעמט. אים האָט שוין באַנג געטאָן די גאַנצע מַעֲשֶׂה; נאָך וואָס האָט ער זיך געדאַרפט שטעלן אויסטַּיְנען מיטן אַלטן טראָכימען? אָבער מער פאַר אַלץ האָט אים פאַרדראָסן, וואָס חֶבְרֶה לאַכט פון אים, איז ער ברוגז געוואָרן און איז אַוועק פון זיי אין וואַלד אַריין, די חַבֵרים האָבן אים עטלאַכע מאָל

צוריקגערופן, אָבער שלמהלע האָט זיך איינגע[illegible]
און האָט זיך ניט געוואָלט אומקערן צו זיי. ער האָט זיי
ניט געקענט מוחל זיין דאָס, וואָס זיי האָבן אים
אויסגעלאַכט.

לאַנג נאָך איז ער איינער אַליין אַרומגעגאַנגען איבערן וואַלד; אַלע ווײלע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעריסן אַ גרין גרעזעלע, אַריינגענומען עס אין מויל אַריין און באַלד עס צוריק אויסגעשפּיגן. ער האָט זיך געפילט עפּעס שולדיק און האָט פאַר זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. עס האָט זיך אים אַלץ אויסגעוויזן, אַז דער אַלטער טראָבים ניט אים נאָך פּיטרט און מוקרט אים.

— וואָס האָב איך דען אַזוינס געטאָן? — האָט זיך שלמהלע געפּרוּווט טרייסטן — וואָס בין איך דאָ שולדיק, אַלע האָבן זיך געשפּילט, נו איז וואָס? און אַז הירש־בער כאַפּט פיש, אָדער גאָר דער פּאַניטש מיט דער ביקס, וואָס שיסט פייגעלאַך... מילא וואָס?

און שלמהלע האָט זיך דערמאָנט ווי איינמאָל אין פרילינג, האָט אים דער פּאַניטש, וואָס האָט געוואוינט מיט זיי אין שכנות, מיטגענומען מיט זיך אין וואַלד אַריין שיסן פייגעלאַך. שלמהלען איז עס זעהר געפעלן און ס׳האָט זיך אים אויך פאַרוואָלט האָבן אַ אמתע ביקס און אויך שיסן פייגעלאַך. נאָר די אַלטע מומעשי האָט אים דעמאָלט דערציילט אַ שרעקלאַכע מעשה, וואָס איז פאַרלאָפן מיט איינעם אַ יינגעלע, וואָס האָט געהרגעט אַ שוועלבעלע. אַלע נאַכט פלעגט דאָס שוועלבעלע קומען צו אים צו חלום און שלעפּן אים אין וואַלד אַריין צו איר נעסטעלע און אים ווייזן אירע קליינינקע

אומגליקלאכע יתומימלאַך, וואָס זענען געבאַך געבליבן אָהן אַ מאַמען. דאָס יינגעלע האט זעהר געוויינט און געבעטן דאָס שוועלבעלע, זי זאָל אים מוחל זיין און אַז קיינמאָל, קיינמאָל, וועט ער שוין קיין פייגעלעך ניט אָנריהרן.

„צי מען מען טאָקע, האט זיך שלמהלע געטראַכט, צי מען מען טאָקע כאַפּן פיש, שיסן פייגעלאך אַט אַזוי זיך, גלאַט פון פאַרגעניגן וועגן?... אדער נאָר ווי מיר איצט — מיט די מוראַשקעס?“... און ער האט בשום-אופן ניט געקאָנט צוטראַכטן וועלכער ס׳איז דאָ גערעכט: אַט האט זיך אים אויסגעוויזן, אַז גערעכט איז דער פאַניטש און הירש-בער; און האט זיך אים אויסגעוויזן, אַז, פאַרקערט, גערעכט זענען די מוטעסי און דער אַלטער טראַכים.

און אַזוי איז ער געגאַנגען און געגאַנגען ביז ער איז צוגעגאַנגען צו אַ גרויסן בוים.

דאָ האט שלמהלע פאַר זיך דערזעהן ניט קיין גרויסן, אָבער פינקטלאַך אויסגעלייגטן מוראַשניק. שלמהלע איז צוגעגאַנגען נעהענטער און — דאָס ערשטע מאל אין זיין לעבן! — האט זיך פאָרזיכטיג, ניט ווענדיק באַאומרוהיקן די מוראַשקעס, אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד און מיט נייגיריקייט גענומען צוקוקן זיך, וואָס זיי טוען.

— וויפיל מוראַשקעס, אַ שטיינער, קאָן דאָ זיין, אין דעם דאָזיקן מוראַשניק? —

צום אָנהייב האט זיך אים אויסגעוויזן, אַז הונדערט און אפשר צוויי הונדערט; אָבער באַלד אַז פון יעדער שפּעלטעלע, פון יעדער לעכעלע האָבן זיך אָנגעהויבן



צו באַווײַזן אַלץ נײַע און נײַע מַחֲנוֹת מוראַשקעס, האָט שלמהלע פאַרשטאַנען, אַז אין מוראַשניק געפינען זיך פיל מער פון צוויי הונדערט — אַז מ'קאָן זיי שאַצן אין די טויזנטער און אֶפשר נאָך מער.

און אַלע זײַנען זיי פאַרהאָוועט, פאַרראַשט, אײַלן ערגעץ־וואו, ברענגען צוטראָגן אַלע ווײַלע אַ נײַע זאַך; און קאָן זיך ווער קיין עֵצָה נישט געבן מיט זײַן שווע. דער מַשָׂא, קומען אים באַלד צוהילף זײַנע חֲבֵרים און אינאײנעם שלעפּן זיי שוין אַרויף די מַשָׂא, ביז העט אַרויף, צום טאַמע אַרײַנגאַנג אין מוראַשניק אַרײַן.

„אָט וואוהין ס'וואָלט זיך מיר וועלן אַרײַנקומען, אַ קוק טאָן, וואָס ס'טוט זיך דאָרטן! אַלץ, אַלץ אויסזעהן, באַטראַכטן און דערוויסן זיך! אַך, ווען איך זאָל דאָס איצט מיט אַמאָל קענען ווערן אַ קלײנינקער, גאָר אַ קלײנינקער און קאָנען אַרײַנגײן אין מוראַשניק אַרײַן!"

און שלמהלע האָט זיך שוין פאַרגעשטעלט, אַז ער איז אַ קלײן־מענטשעלע, אָט ווי אַ פינגערל די גרייס, און שפּאַצירט זיך דאָרט אינעווייניק אַרום; ווי די מוראַשקעס

באַגעגענען אים דאָרט און מ׳פירט אים אַרום, רעם ליבן גאַסט, אומעטום, מ׳באַווייזט אים אַלצדינג, וואָס ס׳געפינט זיך נאָר אין מוראַשניק.

— אַך, ווען איך ווער דאָס מיט אַמאָל אַ קלייניקער — האָט שלמהלע אין דער שטיל אַרויס גערעדט.

— פאַרוואָס נישט? אַז ס׳איז גאָרנישט קיין גרינגערע זאַך פון דעם! — האָט זיך ערגעץ־דאָ־נישט־ווייט דערהערט עפּעס אַ דין קָלכל, — נו, זײַ זיך מטריח און גיב מיר דײַן האַנט און לאָמיר גיין!

שלמהלע האָט זיך אומגעקוקט און דערזעהן פאַר זיך אַ קלייניקע מוראַשקע, שטייט לעבן אים און שאָקלט צו אים פריינדלאַך מיט איר שוואַרצחנעוודיק קעפּעלע.

שלמהלע האָט זיך אויס צעלאַכט.

— גיי דו טרייבסט קאַטאָוועס מיין ליבע מוראַשקע! — האָט ער איר געוואָלט זאָגן, אָבער אין דער זעלביקער רגע האָט ער דערפילט, אַז ער ווערט אַלץ קלענער און קלענער; און ס׳איז גאָרנישט געווען אַזוי שרעקלאַך ווי ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, פאַרקערט, ס׳איז זעהר טשיקאַווע און אַנגענעם.

— זעה־נאָר, זעה־נאָר ס׳אַראַ קלייניקער איך בין גע־וואָרן! — האָט שלמה פריילאַך אויסגעשריען, — נאָר פאַרוואָס זענען מיר דאָס עפּעס אַוועק אין געדיכטן וואַלד אַריין, דאָרטן לעבן בוים איז דאָך געווען אַזאַ שיינע לאָנקע, ס׳איז געווען אַזוי ליכטיק, אַזוי וואַרים — אַ מחיה!

אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז גאָר נישט קיין געדיכטער וואַלד, ס׳איז מער נישט ווי גאַנץ־געווינלאַכע גרעזעלאַך, נאָר איצט ווייל ער איז אַזאַ

קלײנינקער, ניסט גרעסער פֿון אַ פֿינגערל, איז דעריבער זעהט עס אין זײַנע אויגן אויס ווי אַ שרעקלאכער און געדיכטער וואַלד.

— מײַן ליבע מוראַשקע, — האָט ער זיך געווענדט צו זײַן נײַעם חבֿר, — דו קאָנסט זיך גאָרניסט פֿאָרשטעלן ווי איך בין דאָס גליקלאַך, וואָס איך האָב זיך מיט דיר באַקאַנט!

און שלמהלע האָט זי אָנגענומען בײַ אַ לאַפּקעלע און האָט עס שטאַרק געדריקט.

— אוי וויפֿיל שלעכטס איך האָב אײַך געטאָן! אוי יויפֿיל נעסטלאַך אײַערע האָב איך דאָס צעשטערט!

— מאַכט אַ וואַרע! וואָס האָט איר זיך דאָ אַנידער־געשטעלט און מיטן וועג און לאָזט קײנעם ניט דורכגײן! — האָט זיך דערהערט עמיצנס רײדן, און ווען שלמהלע האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער דערזעהן ווי צוויי מוראַש־קעס שלעפּן א מוראַדיק גרויסן קלאָץ, די דיק ווי אַ גאַנץ געווײנלאַכע האָר פֿון א פֿערד.

— איך וועל אײַך העלפֿן! איר וועט ערלויבן? — האָט שלמהלע אויסגעשריען און איז טאַקע באַלד צוגע־לאָפֿן צו זײ און מיט אַלע זײַנע כּוחות זײ געהאָלפֿן שלעפּן דעם שווערן קלאָץ. באַלד זענען צו זײ צוגעקו־מען נאָך עטלאַכע מוראַשקעס און אַלע אינאײנעם האָבן זיך א נעם געטאָן צו דער אַרבעט, ביז זײ האָבן סוף־כּל־סוף אַרויפֿגעשלעפּט דעם קלאָץ ביז העכט אַרויף, צום סאַמע אַרײַנגאַנג אין מוראַשניק אַרײַן און אים אַוועקגעלײגט לעבן נאָך אַזעלכע קלעצער, וואָס זענען דאָרט געלעגן.



ווי זיי האָבן זיך נאָר אָפּגעפּאַרטיקט מיטן קלאָץ, אַז זיי האָבן באַלד באַגעגנט אַ נייע מחנה אַרבעטער, וואָס האָט געשלעפּט אַ מורא'דיק גרויסן רעגנוואָרים אַרויף־באַרג, אויך צום אַריינגאַנג אין מוראַשניק אַריין.

שלמהלע האָט זיי אויך געהאָלפֿן.

די מוראַשקעס איז זייער געפֿעלן שלמהלעס גוטהאַרציקייט און יעדערער פֿון זיי איז צו אים צוגעגאַנגען און אים באַדאַנקט פֿאַר זיין פֿריינדלעכקייט. שלמהלע האָט זיך מיט זיי געפֿרייט פֿון גאַנצן האַרצן. די מוראַשקעס האָבן אים איינגעלאַדן צו זיך אין מוראַשניק אַריין צו באַקענען זיך מיט זייער לעבן, באַטראַכטן זייער שטאָט. אַלע זייערע געביידעס און די גאַנצע באַלעבאַטישקייט.

שלמהלע האָט אויסגעטאַנצט פֿון פֿרייד און האָט גאָרנישט געוואוסט מיט וואָס אָפּצודאַנקען זיינע נייע חבֿרים, אָבער די מוראַשקעס האָבן אים באַלד איבערגעלאָזן איינעם אַליין מיט זיין באַגלייטער און זענען זיך צולאָפֿן יעדערער צו זיין אַרבעט.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, — האָט זיך שלמהלע געווענדט צו זײַן באַגלייטער, — יאָ, ווי רופט מען דיך!

— וועמען מיך? מיך רופט מען נאָגערל — האָט די מוראַשקע געזאָגט און דערבײַ וואָוילעריש פֿאַרדרייט אירע וואָנסלאַך.

— און איך הייס שלמהלע, שלמהלע קאָזאַק, נאָר דו דאַרפֿסט זיך פֿאַר מיר ניט שרעקן. — זאָג מיר, איך בעט דיך, איז עס אַזוי אַ גאַנצן טאָג בײַ אײַך, נאָר געאַרבעט — און געאַרבעט און ווען שפּילט איר זיך, ווען עסט איר, ווען שלאָפֿט איר? מ'קען דאָך פּשוט משוגע ווערן פֿון אַזאַ טומלעניש, פֿון אַזאַ רעש. בײַ אונז האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, אַז מענטשן זאָלן טאָג און נאַכט האַלטן אין איין אַרבעטן!... איז עס דען תּמיד אַזוי בײַ אײַך?

— יאָ, מיר אַרבעטן צוואַנציק שעה אין מעת־לעת — און פֿיר שעה רוהען מיר, — האָט נאָגערל געענטפֿערט.

— גוט, אָבער וואָס טוט איר אויף מיט אײַער אַרבעטן? ניט ווייט, אויף אָנצוווערפֿן אַזאַ קופּע דאַרף מען דאָס אָפּהאָרעווען אַ גאַנצן זומער?

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָט זיך נאָגערל צעלאַכט. — און דו מיינסט עס טאָקע מיט אַן אמת, אַז אין דעם באַשטייט אונזער גאַנצע אַרבעט? נו, און אַקערן, זייען, שנײַדן, אַראָפּנעמען די תּבֿואה פֿון די פֿעלדער? און ווער ניט אַכטונג אויף די בהמות און אויסמעלקן די קיה, מיינסט אַז ס'איז גאָרנישט?

— וואָס הייסט? וואָס פאַראַ אַקערן? וואָס פאַראַ זייען? און ווי קומט צו אַייך קיה! ניי דו מוזט אַוודאַי לאַכן פון מיר!

— ע, ווי איך זעה, הייבסטו נאָרניט אָן צווויסן, ווי מיר מוראַשקעס לעבן. נו, מ'וועט מיט דיר מוזן אָנהייבן פון אַלף־בית.

און נאָגערל האָט אים פאַרגעלייגט ער זאָל זיך מיט אים אַראָפּלאָזן אין מוראַשניק אַריין.

---

אינעווייניג איז דער מוראַשניק געווען צעטיילט און אַ סך באַזונדערע קליינע קעמערלאַך, וואָס זענען צווישן זיך געווען פאַראייניקט מיט שמאָלע קאָרידאָרן און גאַלעריעס. די דאָזיקע קליינע קעמערלאַך, וואָס האָבן זיך געפינען פון אויבן, אין די אייבערשטע עטאַזשן, זענען געווען באַשטימט פאַר די מוראַשקעס; פון אונטן האָבן זיך געפונען די פאַרשיידענע שפּייכלערס, סקלאַדעס און שפּייזאַרנעס פאַרן עסנווארג.

אין סאַמע מיטן פון מוראַשניק איז געווען איין גרויסער צימער, צו וועלכן ס'האָבן געפירט כמעט אַלע טירן.



גאַנגען און גאַלעריעס פון מוראַשניק. אויסער די אַלע טירן און אַריינגאַנגען האָט שלמהלע באַמערקט אַ פולע לעבעלעך, דורך וועלכע ס'קומט אַריין די לופט פון דרויסן און פלעגט אויף אַזאַ אופן דורכלופטערן און אויסטריקענען די גאַנצע זאַל.

– און אָט דאָ וואוינט די מוטער-קיניגין, – האָט נאָענטער צו אים שטיל געזאָגט און האָט צוגעפירט שלמהלען צו די טירן פון קיניגליכן שלאָפצימער.

– די קיניגין רוט איצט אָפּ, זי איז נעכטן מיד, זי



האָט היינט, קיין-עין-הרע, געלייגט היפשע עטלעכע טויזנט אייעלעך.

צוליב וואָס טוט זי דאָס?

– וואָס הייסט, צוליב וואָס? פון אָט די אייעלעך קומען אַרויס נאָך אַזוינע מוראַשקעס ווי איך און ווי אַלע אונזעריקע, אייניקע ווערן אַפילו געבוירן מיט פליגלען. – די קיניגין און איר סוויטע די מאַנסבילן. אין אַ שיינעם, ליכטיקן זומער-טאָג, קאָנסטו אַמאָל זען, ווי פון מוראַשניק לאָזט זיך אַרויס אַ פריילעכע קאָמפּאַניע,

הייבט זיך אויף און פליהט אוועק הויך-הויך צו דער ליכטיקער זון ארויף. דאס פראַווען זיי זייער חתונה-באַל. ס'איז זיי פרייליך און גוט; ווייל נאָר אין דעם דאָזיקן טאָג באַנוצט זיך די מוטער-קיניגין מיט אירע פליגעלאַך און נאָכדעם קערט זי זיך אום צוריק אין מוראַשניק אריין און קומט שוין מער פון דאָרט ניט אַרויס. נאָכמער, ווי זי לאָזט זיך נאָר, נאָך דער חתונה, אראָפּ אויף דער ערד ביסט זי מיט אירע אייגענע ציין אירע פליגעלאַך אָפּ, כאָטש זי וואָלט זיך געקאָנט ווייטער אויך באַנוצן מיט זיי. זי בלייבט שוין זיצן אין דער-היים און לייגט אָן אייעלאַך און מישט זיך אויך אָפּט אריין אין אונזערע היימישע ענינים. מיטן מאַנסביל ועהסטו איז שוין ערגער; דער ערשטער טאָג, וואָס ער פליהט ארויס אויף גאָטס ליכטיגער וועלט איז אויך דער לעצטער. מער קערט ער זיך שוין נישט אום צוריק אין מוראַשניק אַריין. פליהענדיק פאַלט ער ס'רוב אַריין אין ספּינוועבס און פאַרפּלאָנטערט זיך און קאָן שוין מער פון דאָרט ניט אַרויס. ביז ס'קומט די שפּין און דערהרגט אים, אָדער ס'בא-נעמט אים אַ פייגעלע און עסט אים אויף... יאָ, דער טאָג פון זיין חתונה איז אויך דער טאָג פון זיין קבורה... און זאָל ווער פון אונז, פון אונזן אים זעהן אריינפאַלן אין אַ אומגליק, קיינער וועט זיך אַפילו ניט אַ ריר טאָן:



דער מאנסביל. די קיניגין.

פון דאַנעט אַהין, מיט וואָס עס איז איִם צו העלפן, ווײַל מ'ווייסט, אַז סײַ־ווי־סײַ איז ער שוין ניט אונדזערער, און קיין שום נוץ וועט ער אונדז ניט ברענגען. ס'איז אַפּילו ניט גוט, נאָר וואָס קאָנען מיר טאָן? אַזוי איז שוין אײַנגעפירט פון אייביק אָן. דערפאַר בלײַבן לעבן נאָר אַזעלכע ווי איך, פּשוטע, געזונטע האָראָפּאַשנע אַרבעטער, און אַזעלכע דאַרפן מיר האָבן!

און אָט דאָס זעהסטו, אָט די ווײַסינקע, מאָנטשינקע פּינטעלאַך? דאָס זענען די אייעלאַך. וויפיל אַרבעט האָבן מיר דאָס מיט זיי, ביז מיר דערלעבן צו זעהן אַרויסקריכן אַ קליינטשיק ליב באַשעפעניסל! זעהסט אָט דעם גאַנצן עולם מוראַשקעס? זיי אַלע אַרבעטן דאָס און זאָרגן פאַר זיי.

און שלמהלע האָט באַלד דערזעהן ווי אַ גאַנצע מענגע מוראַשקעס לויפן אַרום פון איין עק צום אַנדערן און טראָגן זיך אַרום מיט אָט די מאָנטשינקע אייעלאַך, וועלכע זיי ליגן אַלע ווײַלע איבער פון איין אָרט אויפן אַנדערן.

— וואָס טראָגן זיי זיך דאָס אַרום מיט זיי?



אַ מוראַשקע האָדעוועט די לאַרווען.

– זיי טראָגן זיי איבער, וואו ס'איז וואַרימער און טריקענער. אַז אין דרויסן איז וואַרים, איז טראָגן מיר זיי אַרויף פון אויבן, אין די אייבערשטע קעמערלאַך, און אַז ס'איז קאַלט און פייכט אין די אונטערשטע, אין די קעלערס און אין די היילן אַריין, אָבער דאָס אַלץ איז נאָך גאָרנישט: יעדעם אייעלע באַזונדער דאַרף מען אַלע ווײַלע אַרומדרייען, אַרומלעקן און אַרומפּוצן, אַנדערש קאָן עס גיין פאַרלוירן און ס'קען פון דעם גאָרנישט אַרויסקומען... און אַט ספּעטער אַביסל ווערט פון די אייעלאַך אַרויס פּוינע ווערימלאַך אָדער לאַרווען1), און אָט דאָ הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע אַרבעט: די לאַרוועס זענען שוין בעלנים עפּעס וואָס צו עסן – נו, דאַרף מען זעהן, אַז זיי זאָלן חלילה פון הונגער ניט אויסגיין.

— און ווי ווערט דאָס פון אַ ווערימל אַ מוראַשקע? – האָט שלמהלע געפרעגט.

– גאַנץ פּשוט! אָט ווי עס ווערט פון אַ ווערימל אַ פלאַטערנדיק באַבעלע. פריהער ווערט פון דעם ווערימל אַ לאַלקע2) – סאַ. דו האָסט עס שוין געמוזט אַמאָל זעהן, איר רופט עס געוויינטלעך אָן מוראַשקע אייעלאַך, – איז אָט אין דער דאָזיקער ליאַלקע וואַקסט דאָס אויס די מוראַשקע. און אַז ס'קומט די צייט און זי דאַרף אַרויס פון איר ענגען קעמערל ביסן, די עלטערע מוראַשקעס דורך דאָס דאָזיקע קעמערל און שלעפּן פון דאָרט אַרויס דאָס ברעקל, פון וועלכן מיר נעמען

1) לאַרווע — ליטשינקאַ. 2) קוקאַלקאַ.



1) דאָס אייעלע.

2) די לאַרווע.

3) דער קאָקאָן מיט דער לאַלקע.

4) די לאַלקע.

איך נאָכדעם אַראָפּ דאָס דינע הײַטעלע, אין וועלכן ס'איז אײַנגעהילט, ווי אין אַ העמדעלע.

און אָט, ווען דו זאָלסט אויף אַ טשיקאַווען אַ קוק טאָן אויף איינעם פון די דאָזיגע ברעקעלעך, ווי זיי הייבן נעבאַך ניט אָן צו וויסן וואָס צו טאָן; זיי לויפן אַרום און קאָנען פאַר זיך קיין אָרט ניט געפינען. און מיט די וואָנסעלאַך און מיט די באַק-ציינדלאַך קאָנען זיי זיך נאָך ניסט באַנוצן און אָהן זיי איז פאַר אונזערן אַ חברה-מאַן גאָר ביטער, באַטש נעם לייג זיך אַוועק און שטאַרב.

– וואָס הייסט?

– געווים. פאַרשטייכט: די באַק-ציינדלאַך זענען פאַר אונז אַלץ אין דער וועלט: מיט זיי באַנוצן מיר זיך ווי מיט אַ זעג, אָדער ווי מיט אַ צווייגל; און די וואָנסעס, דאָס איז פאַר אונז דאָס סאַמע נייטיקסטע און וויכטיקסטע פון אונזער גאַנצן קערפּער, מיט אָט די וואָנסעלאַך דערקענען מיר איינער דעם אַנדערן, רייבן זיך צונויף, זוכן אָפּ דעם וועג, דערשמעקן, וואו ס'איז. מיט זיך שפּייז און דערפילן, ווען ס'רוקט זיך אָן אויף אונז אַ סכּנה, אָדער אַן אומגליק. אַז מ'ברעכט זיך, חלילה, אויס אַ פוס אָדער, אַז מ'פּטרט אמאָל אַ

באַקציינדל איז גאָרנישט, ווי-ניט-איז קומט מען נאָך דורך, מ'קאָן זיך אַפילו אַן עצה געבן און אַרבעטן אויך, אָבער פּרוּוו נאָר אָקאָרשט, — די שעה זאָל גאָרנישט זיין! — פאַרליר איין וואָגן איז אַן עק — אויס מוראַשקע!

שלמהלע האָט מיט נייגיריקייט באַטראַכט זיין מש־קאָ־ווען באַגלייטער, זיין שוואַרצהעניווידיק גלאַנציק קעפּעלע מיטן שוואַרצן בייכל, וואָס איז אין דערמיט סטאַרק איינגעצווינגן. אָבער פּלוצלונג האָט זיך פון אויבן דער-הערט אַ פאַרשטיקט געשריי:

— געוואַלד, ראַטעוועט! און באַלד איז אַנגעלאָפן אַ גרויסע מוראַשקע און האָט דערציילט, אַז ערגעץ דאָ-ניט-ווייט איז געשעען אַ אומגליק. ביים סאַמע אַריינגאַנג האָט זיך אָפּגעריסן אַ גאַנצער באַרג ערד און האָט פאַרשאָטן די שפּרינגערקע.

די מוראַשקע האָט אַ דריי געטאָן מיט אירע וואָנסעלאַך און איז באַלד ניטאָ געבליבן. פון אַלע זייטן זענען גע-קומען צולויפן מוראַשקעס, וואָס האָבן אַוועקגעוואָרפן אַלע זייערע אַרבעטן און זיך געאײַלט צום אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע.

— נעמט אונז אויך מיט, — האָט זיך שלמהלע ביי זיי געבעטן, — ס'קאָן זיין אַז איך וועל אייך דאָרט צונוץ קומען; זעהט ס'אַרא געזונטער איך בין! אַלע זאָגן, אַז איך בין אַ גבור, איך בין אַפילו געזונטער פון הירשעלע-מזיק, ער איז דאָך עלטער פאַר מיר מיט גאַנצע צוויי יאָר! — און שלמהלע מיט זיין חבר האָבן זיך גענומען לויפן נאָך זיי גלייך באַרג אַרויף, צום סאַמע אַריינגאַנג.

נעקומען האָבן זיי דערזעהן גרויסע שטיקער ערד,
איניקע ווי אַ וועלטשינע נוס די גרויס, האָבן זיך אָנגע־
שאָטן און נאָך אַ ביסל און זיי וואָלטן געווען פאַרלייגט
דעם גאַנצן אַריינגאַנג.

פון אונטער די שטיקער ערד האָט זיך געהערט אַ
פאַרשטיקט זיפצן; דאָס האָט ווער אויף אַ דינינקען
קלבל זיך געבעטן רַחמים, מ׳זאָל אים אַרויסראַטעווען.
שלמהלע איז גלייך אַהין צוגעלאָפן און האָט דערזעהן
פון אונטער אַ שטיק ערד זעהן זיך אַרויס די דינינקע
ביסעלאַך פון די אומגליקלאַכע שפרינגערקע, וועלכע
האָט, ניט קוקנדיק אויף אַלע אירע אָנשטרענגונגען, בשום־
אופן ניט געקאָנט אַרויסרייסן זיך פון אונטער דער
כוועדער מַשׂא, וועלכע האָט איר צוגעדריקט.

באַלד האָט זיך הֶברה אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט.
אַ פּאָר צענדליק אַרבעטער האָבן מיט זייערע שאַרפע
ציינדלאַך גענומען דורכבויערן די שטיקער ערד, אַנדערע,
ווידער, האָבן מיט אַלע כּוחות געשלעפּט די אומגליק־
לאַכע ביי די פיסלאַך, אַזוי, אַז זיי האָבן סיר־שיר זיי
איבגאַנצן ניט אַרויסגעריסן. סוף־כּל־סוף האָט זיך דאָס
שטיק ערד אַ ביסעלע אַ וואַקל געטאָן און די שפרינגערקע,
אַ צעמזיקטע, אַ הינקעדיקע, איז דאָך אַרויס אויף גאָטס
ליכטיקער וועלט.

אָפּגעפאַרטיקט זיך, האָבן זיך ס׳רוֹב מוראַשקעס
גענומען איילן צוריק צו זייער אַרבעט, געבליבן
זענען מער ניט עטלאַכע אויף אָפּוראַמען דעם וועג
און אַ פּאָר מוליאַרעס צו פאַרגלעטן די ווענט פון דעם
איבערשטן אַריינגאַנג. אויך זענען געבליבן אַ פּאָר

אַלטינקע מוראַשקעס לעבן חולה, וועלכער האָט בים. לעבוויז אָנגעהויבן צו קומען צו זיך. זיי האָבן זי אַרומגעלעקט פון אַלע זייטן, און זעהענדיק, אַז ביי איר זענען די וואָנטעלאַך עטוואָס צעמיקט האָבן זיי גענומען באַנעצן די וואונד מיט זייער שפּייעכץ, פאַרלייכטערנדיק דערמיט די ליידן פון זייער חבֿרטע.

– זעה נאָר, וואָס איז דאָס? שוין מיר געוואָרן?! – האָט נאָגערל פאַרוואונדערט אויסגעשריען, דערזעהענדיק שלמהלען ווי ער זיצט זיך אין אַ זייט פון וועג און רוהט אָפּ.

– גוט איז דיר, ברודערל, האָט שלמהלע זיך צעלאַכט, – אַז דו האָסט זעקס פיס, וואָס זאָל איך אָבער טאָן, אַז איך האָב מער נישט ווי צוויי?

נאָגערל האָט זיך אויך צעלאַכט און האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן שלמהלען.

– ווייסטו גאָר וואָס, אַט לאָמיר זיך אַביסעלע אָפּרוהען און נאָכדעם וועל איך דיר באַווייזן אונזערע בהמות.

– גוט, – האָט שלמהלע מסכּים געווען. דערווייל זענען פאַרביי דורכגעגאַנגען אַ פולע שוואַרצע אַרבעטער, דערזעהן שלמהלען, האָט זיך יעדערער פון זיי אויף אויף אַ ווילע אָפּגעשטעלט, געוואָרפן אַ נייגעריקן בליק אויף דעם נייעם גאַסט און איז זיך ווייטער אַוועק זיין וועג.

– ווי ס'ווייזט אויס זענען זיי אויף אַזוי פיל פאַרנומען מיט זייער אַרבעט, אַז זיי האָבן אַפילו קיין צייט ניט אומצוקוקן זיך אויף מיר, – האָט זיך שלמהלע געטראַכט. און ס'איז אים געוואָרן אומאַנגענעם צו זיצן אין מיטן

העלן טאָג מיט פֿאַרלייגטע הענט און גאָרנישט טון, ווען אַרום איז דאָ אַזויפֿיל אַרבעט.

– און טאַקע וואָס האָבן מיר זיך דאָ אַנידערגעזעצט? קום, לאָמיר עפּעס טאָן. – האָט ער געזאָגט און זיך אויפֿגעהויבן פֿון זיין אָרט; נאָגערל האָט זיך אויך אויפֿגעשטעלט און זיי זענען ביידע אַוועקגעגאַנגען צו די בְּהֵמוֹת.

---

די בלעטלאַך פֿון אַ גאַנץ געוויינלעכן דאָרנרויז, וואָס איז געוואַקסן לעבן מוראַשניק, אָט דאָס, ווייזט אויס, איז געווען די פּאַשע-פֿעלדער פֿאַר די בְּהֵמוֹת; זיי זענען דורכאויס געווען באַזעצט מיט קליינינקע, גרינינקע קיהעלאַך, וואָס האָבן מיט זייערע מיילכעלאַך אויסגעזויגן דעם זאַפֿט פֿון די בלעטלאַך.

– דאָס זענען אַייערע קיה?! כאַ, כאַ, כאַ! האָט זיך שלמהלע צעלאַכט. – וויכט, דאָס זענען דאָך פּשוטע בלעטער-לייז, זיי זענען זעהר שעדלאַך, ווייל זיי מאַכן אַ תֵּל פֿון אַלע פֿלאַנצן: זיי זויגן אויס דעם זאַפֿט פֿון די בלעטלאַך און פֿון די בליטעלאַך און זיי פֿאַרדאַרבן זיי... יאָ-יאָ, אַזוי האָט אונז ערשט נעכטן דער לערער דערציילט... פֿע, נאָך וואָס דאַרפֿט איר זיי האָבן צוליב וואָס היט איר זיי אַזוי אָפּ און האָדעוועט זיי נאָך אויס?

אָנטמאָט אים צו ענטפֿערן האָט נאָגערל אָנגענומען שלמהלען פֿאַר האַנט און אים אַרויפֿגעפֿירט אויף איינעם פֿון די בלעטלאַך.

– נו, איצט פֿאַרזוך אָקאָרשט אַ ביסעלע מילך פֿון אונזער פֿאַרם, – און ער האָט זיך מיט זיינע

דינע וואָנסעלאָך ליכט צוגערירט צו די צוויי קורצינקע רערעלאַך, וואָס געפינען זיך אונטן, ביים עק פון קער־פערל פון דעם קליינינקן בְּרִיאָהלע. פון די רערעלאַך האָבן זיך באַלד באַוויזן צוויי טראָפּעלאַך, וועלכע נאָגערל האָט טאַקע באַלד אויפן אָרט איינגעשלונגען און זיך אַוס באַלעקט. נאָכדעם האָט ער מיט דעם מְכַבֵּד געווען שלָמהלען, שלָמהלע האָט פאַרזוכט און ס'איז אים אויך זעהר געפעלן.

— יאָ, ס'איז זעהר געשמאַק, — האָט ער געזאָגט — איצט פאַרשטיי איך שוין נאָך וואָס איר דאַרפט זיי האָבן.

— און דאָס זענען די שטאַלן פאַר אונזערע בְּהֵמוֹת, — האָט נאָגעַרל געזאָגט, צופירנדיק שלָמהלען צו אַ קליין קייקעלע. שלָמה איז צוגעגאַנגען נעהענטער און האָט אַריינגעקוקט אין דעם קייקעלע. דאָרט איז געווען אַ גאַנץ סיין הֶרֶל, די ווענט־גלאַט אויסגעקלעפּט און



א בלעטער־לייז.



בלעטער, באדעקט מיט בלעטער־לייז.

אינעווייניק זיינען געווען עטלעכע בלעטער־לייז, וואָס אַ מוראַשקע האָט זיי גראָד געמאָלקן.

ווייטער אַביסל, לעבן שטענגעלע האָט שלמהלע געזעהן עטלעכע מוראַשקעס, וועלכע האָבן געאַרבעט בײַם אויפשטעלן נאָך אַזאַ שטאַלעכל. אייניקע האָבן פון אונטן אַרויפגעבראַכט ליים, די אַנדערע שטרויעלאַך, די דריטע האָבן מיט זייער שפּייעכץ באַנעצט דאָס אַלץ און געבויט — און אָט איז שוין פאַרטיק אַ נייע דירה פאַר די בלעטער־לייז, וואו זיי קאָנען זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ צייט פון אַ סכּנה.



— נו, און וואָס טוט איר מיט זיי אום ווינטער? זיי קאָנען דאָך אומקומען פון קעלט? — האָט שלמהלע געפרעגט.

— אין האַרבסט לייגן דאָס אונזערע קיהעלאַך זייערע אייעלאַך, — האָט נאָגערל געזאָגט, — איז אָט דעמאָלט האָבן מיר דאָס אַן עסק מיט זיי: אָט די אַלע אייעלאַך טראָגן מיר אַריבער פון די בלעטלאַך צו אונז אין מוראַשניק אַריין און דאָרטן האַלטן מיר זיי אין דער וואַרים, היטן זיי אָפּ ביז סאַמע פרילינג. נאָכדעם, ווען די זון הייבט נאָר אָן צו וואַרימען ברענגען מיר זיי צוריק אויף אונזערע פּאַשע־פעלדער אַרויס.



די הטאָלן פאר די
בלעטער-לייז.

אַז שלמהלע איז צוריק אויף דער ערד אַראָפּגעגאַנגען האָט ער דערזעהן אַ גאַנצע מַחֲנֶה מוראַשקעס, אויסגעשטעלט אין גלייכע שטרענגעם מאַרשירן ערגעץ-וואו.

— זעה נאָר, פונקט ווי בײַ אונז די סאָלדאַטן, — האָט ער פריילאַך אויסגעשריען, — נאָך אַ קאָמאַנדיר מיט אַ פויק פעלט! וואוהין גייען זיי דאָס? קום, לאָמיר אויך גיין מיט זיי!

— דאָס זענען אונזערע ערד-אַרבעטער, זיי גייען דאָס איצט אויף דער אַרבעט, ס'איז דאָך שניט-צייט, — האָט נאַנערל געזאָגט און זיי זענען ביידע אָפּגעגאַנגען מיט די אַרבעטער. באַלד זענען זיי צוגעקומען צו אַ בוים, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון מוראַשניק. דאָ האָט זיך די גאַנצע מַחֲנֶה אָפּגעשטעלט. די מער ריכטוודיקע און געשיקטערע זענען פלינק אַרויף אויפן בוים און זיך

פונאַנדערגעלאָפן אויף פאַרשיידענע צווייגן און צווייגע-לאַך, די איבעריקע זענען געבליבן שטיין פון אונטן.

שלמהלע האָט זיך מיט נייגיריקייט צוגעקוקט מיט וואָס פאַר אַ פלייסיקייט די מוראַשקעס האָבן אויבן געאַרבעט מיט זייערע ציינדלאַך, איבערצובייסן די



שטענגעלאַך, אויף וועלכע ס'האַלטן זיך די בלעטלאַך. און ווען אַזאַ בלעטעלע איז סוף-כּל-סוף אָפּגעביסן גע-וואָרן און אַראָפּגעפאַלן האָט מען עס באַלד אויפגעכאַפּט און אַוועקגעטראָגן אַהיים, צום מוראַשניק.

— אויף וואָס דאַרפט איר די דאָזיקע בלעטער? צוליב וואָס נעמט איר זיי צונויף?

— אָט, קום צוריק, וועלן מיר זעהן.

און באַלד זענען זיי געקומען צו די אַקער־פעלדער.

און דאָ האָט שלמהלע געזעהן ווי די אַלע בלעטלאַך, וואָס מ'האָט אַהער געבראַכט, ווערן דורך אַנדערע אַרבעטער צוּבּרעקלט אויף פּיק־פּיצעלאַך און ווערן צעוואָרפן איבערן פעלד, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון מוראַשניק.

— זעה נאָר, פּונקט ווי בּיי אונז די פּויערים! וואָס, איר מיסטיקט אויף די פעלדער, צוליב וואָס טוט איר דאָס?

— כּדי ס'זאָל אויסוואַקסן אַ שוועמל, וואָס איז זעהר געשמאַק און מיט וועלכן מיר שפּייזן זיך.

— און פאַר וואָס נעמט איר די בלעטלאַך גראָד פון דעם בּוים און ניט פון קיין אַנדערן; ס'איז דען ניט אַלצאיינס?

— אַ ודאי נישט; און אויסקלייבן און אונטערשיידן די בלעטלאַך וואָס טויגן צום באַמיסטיקן פון די וואָס טויגן ניט איז גאַרנישט אַזוי לייכט, ווי דו מיינסט. ס'טרעפט אָפטמאָל אַ טעות אויך, דערהויפּט ביים יונגוואַרג. נאָר זיי קריגן שוין דערפאַר זייער ערלאַך אויסקומענים פון די עלטערע, און צום צווייטן מאָל וועלן זיי שוין גוט אַכטונג געבן מער קיין טעות ניט האָבן און דערמיט ניט קאַליע מאַכן די שטענדיקע אַרבּעט. אָבער ניט נאָר אין דעם אַליין באַשטייט די פעלד־אַרבּעט. ס'מוז אויך זאָרגן פאַר ווינטער, ווען די בלעטער פון די ביימער פאַלן אַראָפּ און די ערד איז מיט שניי באַדעקט. מיר זענען דעמאָלט אַלע פאַרשפאַרט אין מוראַשניק און קיינער קומט ניט אַרויס אויף נאָטס ליכטיקער וועלט.

נו, מוז מען זעהן צוגרייטן אַלצדינג ס'זאָל קלעקן אויבן גאַנצן ווינטער. איז אַט לאָזן זיך אַרום אונזערע תבואה, סניידער אויף אונזערע פעלדער און נעמען אַראָפּ די תבואה פון די וואַגנען, נאָכדעם ברענגט מען זיי אַראָפּ צו אונז און מוראַשניק, דאָרטן הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע אַרבעט, די קערענדלאַך קלייבט מען איבער און מ'לייגט זיי אויס, זיי זאָלן זיך אויסטריקענען, און ערשט נאָכדעם טראָגט מען זיי אַראָפּ אין מוראַשניק אַריין, אין די אַמבאַרן ספּיכלערס און מפּיזאַרניעס.

— און דאָס אַלץ טוט איר אַליין און קיינער העלפט אייך ניט? האָט שלמהלע געפרעגט.

— יאָ, ס'אַנדערע מיר האָבן ווער ס'זאָל אונז העלפן אויך, דאָס זענען אונזערע קנעכט.

— קנעכט? פון וואַנעט קומען צו אייך קנעכט? – האָט זיך שלמהלע געחידושט.

— וואָס הייסט פון וואַנעט, נאָך מלחמה מאַכן מיר אַלע געפאַנגענע פאַר אייביקע קנעכט.

— וואָס, איר פירט מלחמות אויך? ביקסן מוזט איר אויך האָבן, און שווערדן און מוזיק? אינטערעסאַנט! ווילסט, און איך וועל ווערן אייער גענעראַל! אוי, איך האָב אַזוי ליב סאָלדאַטן! כ'בין דאָך געזונטער פון אייך אַלעמען, דערצו נאָך האָב איך אַ אייגענע שווערד, טאַקע אַן אמתע... יאָ, יאָ!

און שלמהלע האָט אָנגעהויבן צו פאָכן מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט וועלן באַווייזן ווי ער קאָן דאָס אַרבעטן אויף רעכטס און אויף לינקס. ער האָט אַזוי

לאַנג געפּאַכט מיט דער האַנט ביז ער האָט זיך אָנגע־
שלאָגן אין בוים און... זיך אויפגעכאַפּט.

— וואָס איז דאָס? וואו בין איך? — און מיט פאַרוווּנ־
דערונג האָט ער גענומען באַטראַכטן דאָס אָרט, וואו
ער געפינט זיך.

— זאָל דאָס זיין נאָר אַ חלום? ס'אַראַ שאָד! און איך
האָב געמיינט... ניין, ניין ס'קאָן גאָר ניט זיין! מיין
ליבער נאָגערל, וואו ביסטו? — האָט זיך שלמהלע אָנגע־
בויגן און אַריינגעשריגן גלייך אין מוראַשניק אַריין, אָבער
קיינער האָט זיך פון דאָרטן ניט אָפּגערופן. די מוראַשקעס
זענען נאָך אַלע געווען פאַרטאָן אין זייער אַרבעט,
אַרומגעלאָפן פון איין אָרט צום צווייטן און קיינער האָט
זיך אויף אים אַפילו ניט אומגעקוקט.

שלמהלע האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעגאַנגען
אַהיים. ס'האָט זיך אים שוין געוואָלט וואָס גיכער זיין
אינדערהיים און דערציילן פאַר זיין גוטער מומעשי,
אַלץ, אַלץ, וואָס ער האָט געזעהן און געהערט...

— אַ, זי ווייסט דאָך אַזוי פיל צו דערציילן פון אַלע
חיות און פייגל... זי מוז אויך וויסן פון מוראַשקעס...
האָט זיך שלמהלע געטראַכט און ס'האָט זיך אַלץ נאָך
ניט געגלויבט, אַז דאָס
איז געווען ניט מער ווי
אַ חלום.



---

ס'קען זיין, אַז ס'איז
טאַקע געווען אַ
חלום, אָבער ס'אַרא

מאָדנער חלום דאָס איז, אַ לאָך ווי אויפֿן וואַר", – האָט זיך סלמהלע געטראַכט, בעת די מומעשי האָט אים דערציילט פֿונם לעבן פֿון די מוראַשקעס. – "כ'וואָלט אַ בעלן געווען צו דערוויסן זיך ווי זיי פֿירן דאָס זייערע מלחמות, מ'דאַרף אַ בעט טון די מומעשי, זאָל זי מיר דאָס אויך דערציילן, איז אים איינגעפֿאַלן און ער האָט אין דער שטיל געזאָגט:

– מומעשי, מ'זאָגט, אַז די מוראַשקעס פֿירן אָפֿט מלחמות, איז עס אמת?

– יאָ, מיין קינד, ווייט-ווייט פֿון דאַנעט, אויף יענער זייט ים. אין אַמעריקע וואוינען אַזעלכע מוראַש-קעס, וועלכע מ'רופֿט "נע-ןנדניקעס" ווייל זיי פֿירן אַ שטענדיקן וואַנדערנדיקן לעבן.

די דאָזיקע מוראַשקעס האָבן ניט קיין שטענדיקע נעכט, פֿאַרזאָרגן זיך ניט, ווי אַנדערע, מיט שפּייז, זיי לעבן נאָר פֿון דעם וואָס "גאָט שיקט צו". נאָר אויף ביינאַכט שטעלן זיי זיך אָפּ און זוכן ערגעץ אויף אַ פּאַסיקן אָרט, וואו איבערצונעכטיקן – אין דערפֿרי איז שוין פֿון זיי אַפֿילו קיין זכר ניטאָ. אויסגעשטעלט אין גלייכע סערענגעס, פּונקט ווי סאָלדאַטן, לאָזן זיי זיך אַוועק אין ווייטן וועג אַריין, זוכן שפּייז און דערנערונג פֿאַר זיך און פֿאַר זייערע קינדערלאַך. און אָט האָבן זיך אָפּגעטיילט עטלאַכע קליינע מחנות, צו פֿינף-צעהן אין יעדערער, און האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אין פֿאַרשיידענע זייטן: דאָס זענען די אויספֿירער. אָ, אויף זיי קאָן מען זיך שוין פֿאַרלאָזן! מיט ליידיקן וועלן זיי זיך שוין ניט אומקערן. און וואוהין פֿאַרקריכן זיי דען ניט, אָט

די דאָזיקע קליינע ווייסע־חֶבְרֶהניקעס: אין די פּאַר באַרגנסטע שפּאַלטן, אונטער די שטיינער, צווישן די גרעזעלאַך, אויף די צווייגעלאַך פֿון די ביימער, אומעטום זענען זיי אויס און זוכן, נישטערן, שמעקן אַרום און קוקן אויס. און אָט האָט זיך ווער פֿון זיי אָפּגעשטעלט און די גאַנצע חֶבְרֶה איילט שוין צו אים. וואָס? אויף אַ צווייגל האָט ער דערזען אַ רויפּע *) און טאַקע באַלד אויפֿן אָרט נעמט זיך חֶבְרֶה צו דער אַרבעט: פֿון אַלע זייטן הייבן זיי איר אָן צו בייסן, צו שליידערן ביז זי בלייבט אַ טויטע אונטער זייערע הענט. אָבער צורירן די רויפּע פֿון אָרט און צושלעפּן זי צו דעם הויפּט־לאַגער, דאָס קענען זיי נישט בכּוח, ווייל די רויפּע איז צו שווער פֿאַר זיי. צוויי־דריי פֿון זיי לאָזן זיך הענדום־פּענדום אַראָפּ־בוים גלייך צו דער אַרמיי און זאָגן אָן וועגן זייער מְצִיאָה. ס'גייט אַריבער אַ שטיקל צייט און אָט האָבן זיך די שְׁלוּחים אומגעקערט צוריק און מיט זיי אינאיינעם קומען נאָך אַ הונדערט חֶבְרֶה־לייט — און אַלע אינאיינעם נעמען און טראָגן אַוועק די רויפּע, אין הויפּט־לאַגער אַריין. נאָר מיין נישט, אַז די מוראַשקעס, וואָס זענען געבליבן היטן, זענען געזעסן מיט פֿאַרלייגטע הענט און גאָרנישט געטון, — זיי האָבן די רויפּע צעביסן אויף קליינטשיקע שטיקער, אַזוי וועט זיין לייכטער צוטראָגן סוף־כּל־סוף האָבן זיך אַלע — די אויסשפּירער מיט די סאָלדאַטן — געלאָזט אין וועג אַריין צוריק צו דער הויפּט־קוואַרטיר; אויפֿן וועג באַגעגענען זיי נאָך עטלעכע קליינע מַחנות אויך אָנגעלאָדן מיט

*) עסעניצאַ.

רויב, וואָס ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן אויף אַזאַ, אָדער אויף אַן אַנדער אופן צו באַקומען: איין מתּנה שלעפּט עפּעס אַ מאָדנע גראָב-בייכיקע פליג, די אַנדערע קאָן זיך קוים אַן עצה געבן מיט אַ מוראדיק-גרויסן מאַי-זשוק, די דריטע — גייט טריט-ביי-טריט און טראָגט קליינינקע ווייסינקע אייעלעך, וואָס זיי האָבן צוגעגנבֿעט, ערגעץ אין אַ צעשטערטער נעסט. אַלע וועגן צופרידן און אײַלן וואָס פריִער צוקומען און אָפּגעבן די טייערע משׂא אַהין, וואו מ'דאַרף. געקומען צו דער הויפּט-קוואַרטיר — לייגן זיי אַוועק זייערע פּעקלאַך. און אָט אײַלן שוין צו זיי די „טרעגער" און טראָגן דאָס אַלץ אַוועק פון הינטן - און רוקן פון דער אַרמיי — דאָרט וואו ס'געפינט זיך דער באַוועגליכער שפּייכלער מיט כּל-מיני עסנוואַרג. און אָט לאָזן זיך שוין די מוראדיקע פאַלקן ווייטער אין זייער וועג אַריין, פאַרכאַפּנדיק אַלץ, וואָס ס'קומט זיי נאָר אונטערן האַנט. און אַזוי אַלעמאָל, אין זייער גאַנצן לעבן. פאַלט נאָר צו די נאַכט שטעלן זיי זיך אָפּ, רוען אָפּ און גייען ווייטער ביי די ברעגעס פון דעם טייך „אַמאַזאָנקע", אָנוואַרפנדיק אַ שרעק אויף די אַלע פליגע-לאַך, זשוקעס און וועריעם און די איבעריקע שרעקעדיקע ברואים — פאַלן אָן אויף זייערע נעסטן, רויבן אַוועק אַלץ און — ווייטער אין וועג אַריין.

אָבער נישט אַלע מוראַשקעס פירן אַזאַ קריגערייש לעבן, ס'רובֿ פאַרנעמען זיי זיך מיט פרידלאַכע אַרבעט. מער נישט ס'טרעפט אַמאָל, אַז די מוראַשקעס באַוויזן ניט אָנצוגרייטן פאַר זיך גענוג עסנוואַרג, וואָס זאָל פאַר זיי קלעקן אויפן גאַנצן ווינטער, דעמאָלט נעמען זיי זיך

פּרע צונויף און קלײַבן פֿון זיך אױס אײניקע מוראַשקעס, אױף װעמען מ'קען זיך פֿאַרלאָזן, און שיקן זײ אװעק אין אַ שכנות'דיקן מוראַשניק, אױסקוקן און דערגײן צי ס'איז דאָרטן דאָ גענוג פּראָװיאַנט. אַט די מוראַשקעס דאַרפֿן זיך אױך גוט צוקוקן און דערגײן די אַלע אַרײַנגאַנגען און באַהאַלטענע אַרױסגאַנגען און גאַלערײעס אינם פֿײַנדלעכן לאַגער, כּדי אַז נאָכדעם בײַם אָנפֿאַל זאָל מען װיסן גענױ װוּ אַרײַן און װוּ אױס.

די מלחמות קומען מ'רוב פֿאָר אין האַרבסט. און װען דיר, שלמה'לע זאָל אַמאָל אױסקומען זעהן אַט די לעבעדיקע, ייִדענדיקע באַליאַסטרע, װי די מאַרשירט דאָס אױפֿן שונא, װאָלסטו דײַנע אײגענע אױגן נישט געגלײבט: אױסגעשטעלט אין גלײַכע שערענגעס, מיט אָפֿיצירן בײַם זײַט מאַרשירן זײ מונטער און פֿרײלעך, פּונקט װי סאָלדאַטן, אױפֿן שונא, און אַלץ גײט צו שטיל און אָהן רעש, אַז דער שונא, זאָל זיך חלילה נישט דערװיסן, און שטעל זיך פֿאָר, שלמהלע, אַז דאָרטן, בײַם שונא אין לאַגער, שלאָפֿט מען אױך נישט, מ'פֿילט, אַז מ'רוקט זיך אָן אױף זײ אַ סכּנה אָן, דערזעהענדיק נאָך פֿון דערװײַטנס די ערשטע פּאַטרולן, װאָס דער שונא האָט אַרױסגעשיקט, װענען זײ שױן אױך גרײט מקבל פּנים זײַן דעם שונא, אַזױ װי ס'באַדאַרף צו זײַן.

און אַז האָט זיך אָנגעהױבן די מלחמה, אַ מוראַדיקע בלוטיקע מלחמה. װער טראַכט דאָס אַפֿילו װעגן זײַן אײגענעם לעבן, אַז מ'דאַרף ראַטעװען די שטאָט און דאָס האָב-און-גוטס. און דער עיקר, דאָס קלײנװאַרג אַט די אַלע אײעלעך, לאַרװען, ליאַלקעלעך. זי װאַרפֿן

זיך אַלע מאָל מיט מער העלדישקייט אויפֿן אָנפֿאַלער און שלאָגן זיך מיט אים ביז דער לעצטער מיגלעכקייט.
ס'טרעפֿט אַמאָל, אַז צעבלוטיקטע, צעמזיקטע, צעביסע.
ע וואַרפֿן זיי זיך מיט די לעצטע כּוחות נאָך אַ מאָל אויפֿן שׂונא און די איבעריקע כאַפּן די אייעלאַך און די ליאַלקעס און אַנטלויפֿן מיט זיי ערגעץ אין אַ שפּעלטע.
לע, אָדער אין אַ לעכעלע, אָבער דער צעווילדעוועטער שׂונא יאָגט זיי נאָך און שלעפּט זיי פֿון דאָרט אויך אַרויס.
— און ווי דערקענען זיי דאָס ווער ס'איז פֿון זייער מחנה און ווער ס'איז פֿונם שׂונאס; זיי זענען דאָך אַזוי ענלעך איינע אויף דער אַנדערן?
— ביי אונדז מענטשן, זעהן זיי טאַקע אויס ענלעך איינס אויפֿן אַנדערן - אָבער אַט די קליינע ווייסע-חבֿרניקעס, אוי, דערקענען זיי ווער ס'איז זייערע און ווער נישט — אַפֿילו צווישן צעהנטויזענט וועלן זיי אים אָפּזוכן.
דערצו נאָך זענען פֿאַראַן כּלערליי מוראַשקעס: ס'זענען פֿאַראַן רויטע, שוואַרצע, בלויע און געלע. און אַט צווישן אָט די אַלע מינים פֿירט זיך פֿון אייביק אָן אַ שטענדיקע פֿיינדשאַפֿט, וועלכע ברענגט אָפֿט צו בלוטיקע שלאַכטן און מלחמות.
נו. נאָבדעם, לְמָשָׁל, אַז די רויטע האָבן צעשלאָגן די שוואַרצע, וואָס ווערט נאָבדעם?
— גאָרנישט, מיין קינד, די רויטע פֿאַרכאַפּן אַלץ, וואָס ס'געפֿינט זיך ביי די שוואַרצע אין מוראַסניק, זייער גאַנצע האָב-און-גוט און קערן זיך אום צוריק צו זיך אַ היים. זיי רויבן אויך אַוועק די אייעלאַך, די ליאַלקע-לאַך און די לאַרווען און טראָגן עס אַוועק צו זיך אין

מוראַשניק. און די באַוועגטע נעמען זיך ביסלאַכווייז ווידער צו דער אַרבעט, אויפשטעלן דעם מוראַשניק, וואָס דער שונא האָט חרובֿ געמאַכט.

— מומעשי, און צוליב וואָס דאַרפֿן דאָס די רויטע מוראַשקעס האָבן די אייעלאַך און די לאַרוועס פֿון די שוואַרצע?

— ווייל פֿון די דאָזיקע אייעלאַך און לאַרוועס וועלן אַרויסגיין שוואַרצע מוראַשקעס, וועלכע די רויטע וועלן מאַכן פֿאַר קנעכט צו זיך. און זיי הייבן אַפילו ניט אָן צו טראַכטן וועגן דעם, אַז ווען זיי זענען נאָך געווען לאַרוועס האָט מען זיי אַוועקגערויבט פֿון זייער אייגענער נעסט און מ׳נויט זיי צו אַרבעטן אויף זייערע נייע בעל־הבתים. נאָכמער זיי זענען געטריי און איבערגעגעבן זייערע האַרן און זענען גרייט מקריבֿ זיין זייער לעבן פֿאַר זיי.

— ס׳איז אַ קלוגע, שטרענגע בריאים זענען דאָס אָט די קליינינקע מוראַשקעס, ס׳איז אַ לעבעדיקע, וואַרגעוודיקע חבֿרה דאָס איז! — האָט שלמהלע געזאָגט.

— יאָ, מיין קינד, האָט די מומעשי מסכּים געווען, — און איצט וועסטו שוין וויסן, וואָס ס׳הייסט אַזוינס צוליב פֿאַרגעניגן וועגן נעמען און חרובֿ מאַכן דאָס, וואָס אָט די קליינינקע האָבן מיט אַזוי פֿיל מיה און וואַרגעוודיקייט אויסגעבויט און זענען גרייט מיט לייב און לעבן צו באַשיצן עס פֿון שונא.

— יאָ, מומעשי, אוי, ווען איך זאָל דאָס פֿריִער געוועזן וויסן, אויף מיין וואָרט, אַז איך וואָלט זיך אַזוי ניט באַגאַנגען מיט זייערע נעסטן...